אהודה רונת (מעלניצקי)

# נישט דערלאַנגטע שטערן

(לידער)

אהודה רונת (מעלניצקי)

# נישט דערלאנגטע שטערן

(לידער)

פאַרלאַג „רביבים"

## אַ פּאָר ווערטער וועגן דער דיכטערין

אהודה רונת איז געבוירן אין בריסק־דליטע. איר פריערדי־קער נאָמען איז געווען זעלדע קיפּעל. איר פאָטער, יוסף קיפּעל, וועלכער איז געווען אַ לערער פון העברעאיש, אַן אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג און אַ גרויסער למדן, האָט גע־ענדערט איר נאָמען אויף אהודה רונת.

א. ר. איז דערצויגן געוואָרן אין העברעאיש. זי האָט פון קינדוויז אָן איינגעאָטעמט די אַטמאָספער פון אַ קולטורעל הויז און פון למדנות. איר פאָטער האָט געהאַט אייגענע „תרבות״־שולעס און דאָרט האָט א. ר. באַקומען איר ערשטע בילדונג. שפּעטער האָט זי געלערנט אין אַ סעמינאַר אין וואַרשע (איר פאַמיליע: פאָטער, מוטער און ברידער זענען אומגעקומען אין בריסקער געטאָ ביי די נאַציס ימ״ש.)

אין ישראל האָט א. ר. געאַרבעט אַ לאַנגע צייט אַלס לערערין. זי האָט אָנגעהויבן שרייבן מיט אַ 14 יאָר צוריק, בערך. אירע ערשטע לידער זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „הפּועל הצעיר״, „דבר״ און „מעריב״.

איר ערשטער בוך לידער אין העברעאיש איז דערשינען אין „אלף״־פאַרלאַג אין 1965 יאָר.

א. ר. שרייבט אויך יידיש און איז אַ שטענדיקע מיטאַרבע־טערין אין פיל צייטשריפטן אין אַמעריקע.

אירע לידער צייכענען זיך אויס מיט אַן אייגנאַרטיקן סטיל און אַ לירישע סובטעלקייט.

דאָס איז איר ערשט בוך לידער אין יידיש, איז געוויד־מעט דעם אָנדענק פון איר מאַן אליעזר רונת ז״ל (מעלניצקי), וועלכער איז אַוועק מיט אַ קורצער צייט צוריק.

ד ע ר   פ אַ ר ל אַ ג

## שטיל ביז געוויין

שטיל ביז געוויין
איז דער וועג פונעם טרייסט.
צי איז נאָך פאַראַן אַ אָרט
וווּ די צווייגן פון שנאה
האָבן נישט דאָס וואָרט?
וואָלט ער מיר אַמאָל
אַ ענטפער געבן.
וואָס פאַראַ געשטאַלט
האָט ער ליב,
אין וועלכע ערטער אָטעמט ער,
און טוט נישט וויי ביז בלוט?

## שפעט

שפּעט ביזטו צו מיר געקומען,
זייער שפּעט.
ביזט אַריין מיט שטילע טריט.
און געפאַנגען דאָס געמיט.
ווי אַשאָרך פון סאַמעט בלעטער,
ווי אַ רויש פון קילן ווינט,
ווי פאַכשופטע מוזיק,
האָסט געבראַכט פון וואָרט דאָס גליק.
האָסט גענומען מיך אַוועק,
ווו דער דמיון האָט קיין ברעג,
ווו די נעכט ביז דעם באַגינען
פון די טרוימען וווּנדערס שפּינען.
שפּעט ביזטו צו מיר געקומען, זייער שפּעט,
האָט דער חסד פון דעם גורל
צאַרט, מיין גייסט געגלעט.

## קיינער נישטאָ

קיינער נישטאָ
ווען ס׳קומט די שעה
פון די טייכן זיך אויפצוהויבן
באַלייכטן די וואָלקנס
פון מיין גלויבן.
גוט פאַראַנקערט צו דיין שטאַם
כ׳ווין די פרייד פון תחינה־פלאַם.
אָבער דו,
ווי אַזוי דו,
זינגסט אינגאַנצן נישט מיין זיין,
טרינקסט אַ טראָפּן נישט פון פּיין,
נעמסט נישט אַוועק
פון פייער־ברעג,
דעם שווערן שטיין
פון תפלה־טעג!

* * *

אַלע נישט דערפּילטע פּלענער,
זייערע סטרונעס — אומעט־טענער.
יעדער נישט געשטילטער ווילן,
ברענט מיט ווייטאָג די געפילן,
אַלע נישט באַזוכטע ערטער,
מורמלען צו מיר בענקשאַפט׳ס־ווערטער.
אַלע נישט אַנטדעקטע ברעגן
בלאָנדזשען אין דעם חלום׳ס וועגן.
אַלע נישט דערלאַנגטע שטערן
וועקן אומעט, ברענגען טרערן.

## גיב מיר דיין האַנט

גיב מיר דיין האַנט
איך וועל דיך נישט פאַרפירן.
איך וועל אין די גערטנער פון די
וואונדערס,
נעמען דיך שפּאַצירן.
מיר'ן גיין וווּ דער אמת וואַקסט
באַדעקט מיט פערל־בלעטער,
באַזאַפטיקט מיט טוי פון בענקשאַפט
נאָך מענטשלעכע טריט.
מיר'ן גיין וווּ ברידערלעכקייט
שיינט און בליט.
וווּ טייכן גוטסקייט און ליבע־כוואַלעס
שטראָמען און שווימען.
גיב דיין האַנט צו דערלאַנגען
נאָך די צויבער־בלומען.
ווילסטו צו די טרוימען — איינדזלען
מיט מיר גיין?
אָדער, מוז איך, ווי שטענדיק, אַהין,
גיין אַליין?

## אויף דיין מזבח

אויף דיין מזבח
האָב איך שוין לאַנג פאַרברענט
מיינע שלום־טויבן.
און דאָך,
שוועבט נאָך אַזוי הויך מיין גלויבן,
אויף די שטאַפּלען
פון דיין לייטער,
זינגט נאָך אַלץ
דאָס נאַרישע דערוואַרטן,
דאָס רוישן —
אפשר אַמאָל
וועסטו דיין צאָרן
אויסטוישן?

## ווער רופט דיר

ווער רופט דיר אַוועקגיין
פון אומעט פון שטילן,
אַלאַרמירט די נשמה
צו פייערן געפילן?

ווער שאַרט אַפּ דעם נעפּל
דעם גרויען, דעם שווערן,
דערפרישן דיין בענקשאַפט
אין טויאיקע ספערן?

ווער קריצט אין דיין מאַרמאָר
מיסטעריען־פיגורן,
מיט געטלעכע שיינקייט
דיין חלום באַצירן?

ווער וועבט דיינע פליגל
פון דמיון אַלץ העכער,
דערלאַנגט דיר לעגענדעס — געטראַנקען
פון בעכער?

* * *

איך וויל גיין צו זיי
וווּ נאָנט איז זיי
מיין וויי.

וווּ מיין ליד איז
פאַר זיי ליכט,
מיין וואָרט — אַ שיין געדיכט.

מיין קומען איז געזאַנג,
מיין אַוועקגיין
אומעט־קלאַנג.

## צוימען

צוימען פון שטיין
צו די גאָלדענע ברעגן.
קיינמאָל צו זיין אין דיין לעבן,
לעבן דיין זיין.
איך קען נאָר די זוימען
פון דיין ליכט באַגערן,
און פונדערווייטנ׳ס
גלעטן דיינע טרערן.
פאַרמאַכטע טירן צום אויסגעטרוימטן.
נישט צו דערלאַנגען
די קלאַנגען פון חלום
אין וואָר.

* * *

צו אָטעמען ליכט
אין חסד פון פיין.
צו זינגען אין טריט
פון פאַרשטיינערט געמיט.
צו טוליען דעם חלום
פון צאַרטקייט
אין גאַר,
און מיט כניעה צו ליבן
דיין גזר.

## ס ו ד ו ת

סודות דאַרף מען נישט דערציילן,
ווינען דאַרפן זיי ביי דיר אין הויז.
דיינע פיינען, קיינער קען זיי דיר נישט היילן,
טוליע זיי צו זיך און גיב נישט אויס,
איך ווייס ווי טיילמאָל פרעסט אַ טרויער,
עס ווילט זיך דיר דערציילן שטאַרק אַ טרער.
עס רייסט אַ סוד ווי ווינט דיין טויער,
עס ברענט אַ בענקשאַפט ווי אַהייס באַגער.
אָבער סודות, גלויב מיר, דאַרף מען ניט דערציילן,
צערטלען דאַרף מען זיי ביי זיך אין וויי,
קיינמאָל וועסט נישט טראָגן קיין באַדויער,
ווען דערשטיקן וועסט אין זיך דעם סוד׳ס
געשריי.

# אין אַלע וואַריאַנטן

אין אַלע וואַריאַנטן
פון צעבליטן קאָלאָריט,
צושיינען זיך געדאַנקען
פון אָרעמען געמיט.

עפענען זיך טויערן
פון פאַרשלאָסענע קוואַלן.
צעזינגען זיך פאַרלאַנגען
צום נישט דעראָבערטן, און שאַלן.

* * *

זיין ווי פרישער רעגן
אויף נשמה׳ס וועגן.
זיין אַ רוף פון גליק
ווי אַוואַרעמער בליק,
מיט אַ מאַכט פון קלאַנג
אויף דעם האַרצנ׳ס דראַנג.
זיין אַ צאַרטער גלעט
אויף דעם סוד פון וויי,
אַ צויבער־סילועט
אויף דעם צער׳ס געשריי.
זיין אַ מוטיק ליד
אויף דעם טרוים־געמיט.

## נאָכ׳ן סוף

נאָכ׳ן סוף,
אַלע ווערטער וואַכן
אין מיין שלאָף.

זייער דופט
וואַנדערט שטיל נאָך
אין דער לופט.

ווו האָבן זיי זייער
נעסט געפונען?

אויף וועמענ׳ס אויגן גליט
זייער באַגינען?

## אויף די צווייגן

אויף די צווייגן גרינען טרוימען,
אין די טרוימען וויינט מיין צער.
זאָל איך אייך מיין סוד אַנטפּלעקן
וווּ עס לעבט מיין כּישוף־האַר?

אפשר דאָרט אויף ווייטע אינדזלען
וווּ געוואַנדערט האָט מיין גאַר?
אפשר דאָרט וווּ ווײ און טרערן
אין דעם תּהום פון פּיינ׳ס ווירוואַר?

אפשר איז ער נישט געבוירן
אפשר לעבט ער בלויז אין ליד?
און געבליבן דורך די יאָרן
נאָר אַ חלום וועלכער זידט?

אויף די צווייגן בליען טרוימען
אין די טרוימען וויינט מיין צער.
קען איך נישט דעם סוד אַנטפּלעקן
וווּ עס וויינט מיין כּישוף־האַר...

* * *

זאָל דיר מיין טרער
פאַרוויגן יעדע נאַכט.

זאָל מיין פלאם וועקן
דיין פאַרלאָשן ליכט.

זאָל דיין פלאַם זיין
מיין געשטאַלט —
דיין באַנייטער טרוים.

אויף דיינע גראָע פעלדער
זאָל איך זיין
דיין גרינער בוים.

# אומבאַקאַנט

צו פּ. ב.

אומבאַקאַנט
צווישן אונדז די שטעגן.
ערגעץ שיינסטו
פאַר עמעץ וועגן.
דו ווייסט נישט
אַז דיינע אָרעמס
אויסגעשטרעקט אין דיין ליד,
האָבן געשטיקט מיין האַלדז
אין די פאַרנאַכטן.
די זון וואָס באַשטראַלט
די קוואַלן פון דיינע שורות,
האָט געגלעט מיין אויפברויז,
און דערציטערט מיינע אַקאָרדן
פון דיין מוזיק.

* * *

אַזוי אייליק געוועזן דיין וועג.
נאָך איידער
אנטדעקט האָסט
די סודות פון פיין.
נאָך איידער
אַנטפּלעקט האָסט
פון נשמה
דעם שיין.
נאָך איידער באַוווּנדערט
די טרוימען פון זיין —
דער אומעט פון שטילער
פאַרשעמונג.

## אין דיין זכרון

אין דיין זכרון
איז געוויס מיין סביבה
וויסט געוואָרן,
איז געוואָרן שטום דאָס ליד.
איז אַ נאַקעטער דער בוים.
פאַלן בלעטער פון דעם טרוים.
און אַ שטאַרק פאַרגעסונגס־גיפט
ווייט פאַרטראָגן האָט מיין דופט,
צו אַפעלדז פון שפּאָט.
אין מיין זכרון,
ברענט נאָך אַלץ דער פלאַם,
וויינען נאָך
די לאַכעדיקע יאָרן,
ווי אַ שטראָף פון גאָט.

## עס טרעפט

עס טרעפט
אַז די נעפּלען זענען
צערטלעך צו מיר.
איך קום צום זכּרון
און עפן די טיר.
נייגעריק צום רויש
וואָס פאַרבט דיינע טעג.
כ'מיש די אַראָפּגעפאַלענע
מינוטן־בלעטער,
כ'שפּאָר יעדעס מאָל אַ טאָן
פון יענע טענער,
עס זאָל בלייבן
אויף שפּעטער.

* * *

שווער הײנט דאָס געמיט.
קום צוגײן.
איך גאַר די לײכטקײט
פון דײן טריט.
קום צוגײן און גיב
דעם װײן, גיס אָן קראַפט
צו קענען טרינקען
בעכערס פײן.
אויב דו װעסט מיר הײנט באַזוכן
פאַרטרײבן װעסטו גרויע טעג,
אויסשפּרײטן די הימלען בלויע
אין דעם רויטן װעג.
קום צוגײן,
כ׳װעל דערקענען גלײך דײן טריט,
װײל ביזט דער פּאַקעל פון מײן חלום,
װאָס װעבט אין דער פינצטער
מײן ליד.

* * *

ווער ווייסט,
אפשר אין יענעם טאָג,
האָב איך פאַרערט
די פראַכט פון הימל.
אפשר האָב איך באַזונגען
זיין חסד־ליכט.
אויב איר וועט מיך זען
אַוועקוואַנדערן
אין טאָג פון אַנטפלעקונג,
קערט מיר נישט אום צוריק,
איך קען נישט מער אָטעמען
די חרטה
פון זייער טויט.

* * *

דו האָסט געמאָלט אַשרעקלעך בילד
אין גרוי־געלע פאַרבן.
ווו הין מיר גייען נעמען מיר מיט
די טריט פון זייער שטאַרבן.

ווען מיר אָטעמען שטיקט אונדז דאַן
זייער לעצטער אָטעם.
אָט אַזוי לעבן מיר
אין ליכט פון זייער שאָטן.

## קומט די נאַכט

קומט די נאַכט
שלייכסטו זיך אַריין באַשיידן
ברייגנסט דיין שמייכל פון גן־עדן
און דו בענטשסט מיר ווי אַמאָל.
ברענען ליכטלעך פון דעם נעכטן
פון דעם טויט דעם אומגערעכטן.
נאָר דיין שמייכל ווערט אַ ניגון
מיין געוויסן צו פאַרוויגן.
אָבער אויף דער גאַנצער וועלט
איז נישטאָ קיין טרייסט געצעלט
איז נישטאָ אַזאַ סאָרט מאַכט
זאָל פאַרס'מען געלע טראַכט,
איז נישטאָ קיין וועג צום שטיין
נאָר אין האַרץ אַליין.

* * *

מאַמע מיינע!
דיין שמייכל האָט מען נישט געטויט.
קען מען דען דערמאָרדן
אַזונען־שטראַל!
געוויס האָט ער געבלאָנדזשעט
צווישן וואָלקנס אין די הימלען
און אַריינגעפּאַסט געוואָרן
ווי אַ בריליאַנט
צווישן אַלע שטערן,
און פון דאָרט באַלייכט ער אייביק
מיינע שוואַרצע טרערן.

# היינט וויל איך

היינט וויל איך, מאַמע, רעדן
אין דיין לשון.
אַזוי ווי דו האָסט צו מיר גערעדט
ווען מ׳האָט דיין אָטעם פאַרלאָשן.
אין וועלכע הימלען בלאָנדזעט
דיין האַרציקייט, דיין צאַרטער וועזן?
ווו זענען געפאַלן דיינע לעצטע טרערן?
אפשר זענען זיי
די שטיינער פון מיין קלערן?
און אפשר פון אונדזער ביידנס טרערן
קען אין די רוימען
אַ מצבה ווערן?

## אויף יענע ברעגן

אויף יענע ברעגן,
וווּ די ערד האָט געשלונגען
גרויע פאַרשטיינערטע טרערן,
האָט זיך מיין גאָט
אין געלע שלייערס פאַרשטעלט.
פאַרשמוצטע אָטעמס האָבן געמעקט
אונדזער ווען,
ס'האָבן געהוליעט געשפּענסטער
זייער טייוולישע מאַכט.
אויף יענע ברעגן
וווּ תהלים־פּעדעס האָבן זיך געצונדן
און געזונקען אין די גרוילן,
וווּ די ווייען האָבן אויסגעהויכט
זייער איינזאַמקייט אן אַ עכא —
צוליב יענע וועגן
זאָל נישט טריקענען דער קוואַל
פון נקמה־וועגן,
זאָל דער רויך פון יענעם שוידער
ברענען אייביק
אין דיין הויך.

## פאַרוואָס ?

פאַרוואָס שיקסטו מיך אַלע נאַכט
אַהין
ווו דו האָסט פאַרקלעפּט
די אויגן ?
האָסט אויפגעהאָנגען
אַ שוואַרצן פאָרהאַנג
אויף דעם רעגנבויגן.
צי קען מען נאָך
יומטוב'ן דעם גלויבן
און דאָס האַרץ פון דער פינצטערניש
דערהויבן ?
דער לעצטער שוואַרצער גאַנג
פון מיינע סקעלעטן
שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער
ווייסקייט פון מיין בעט
יעדע נאַכט.

## אַ תפלה

פאַרשטיי מיינע טעג
ביזן טיפסטן פאַרנעם.
שעץ אונדזער וויי
צו צירן דיין שם.
אפילו נישט איינמאָל
דיין צוזאָג פאַרשעמט,
די האַנט פון געבעט
איז נאָך אַלץ נישט געליימט.
אין גאַס ווערט פאַרשוועכט
אונדזער נאָמען, דיין גייסט,
באַשיץ מיט דיין רוים
די איינציקע טרייסט.
ווייל מיד, זייער מיד,
צו שמידן אין איינזאַם
דעם וועזן פון ייִד.

## דער ברונעם

געברויזט האָבן פאַרלאַנגען אין קייטן,
געוואַנדערט דער פּיין דורך טונעלן.
דורך פינצטער און צוימיקע פלויטן
צום ליכט געפונען די קוועלן.

ווייל נאָר פון דעם איינציקן ברונעם
וואָס בייט נישט זיין גאַנג שוין פון יאָרן.
נאָר פון דעם איינציקן ברונעם,
ווערן די טענער געבוירן.

נאָר פון דעם איינציקן ברונעם,
די קראַפט פון שמידן די קלאַנגען,
נאָר פון דעם איינציקן ברונעם,
זיין מאַכט קען צו הויכן דערלאַנגען.

## ביים ליכט פון ליד

היט דיין הארץ ביים ליכט פון ליד
אין פלאַם פון שטאַרקן גליען.
זאָל זיין קוואַל נישט ווערן מיד,
ווייל שטומען הייסט נישט בליען.

ווייל נאָר דער טאָג וואָס זינגט דיין ליד
הייליקט דיר דיין וועלט.
ווען אין בלוט עס שטראָמט דאָס ליד,
ווערט דיין פיין געהיילט.

# די מעלאָדיעס

די מעלאָדיעס צינדן אן
פאַרבאָרגענע באַגערן,
וועקן אויף באַהאַלטענע טרוימען.
פירן אַוועק די נשמה
אין ווייטע בענקענדיקע ספערן.
די מעלאָדיעס היילן יעדע וווּנד
שניידן יעדן גרונט.
צו יעדער קעלט דערלאַנגען
די מעלאָדיעס־קלאַנגען.
די מעלאָדיעס
זענען סאַמעט־רוימען פאַר נשמות.
זיי גלעטן, ליבן, פאַרוויגן, ברײַנגען פרייד,
טרויער, שטורעם און אויפברויז,
די מעלאָדיעס
זענען הויכן
פאַר יעדן נידעריקן צו באַהויכן.
ווען דאָרט אין דער פינצטער,
ווו דער טאָג פאַרגייט,
דעם וויין פון טענער טרינקען —
וועט מיין שטוינונג זיך נישט שרעקן
אין דעם תהום צו זינקען.

## די וואָס טראָגן שטערן

די וואָס טראָגן שטערן
אין הארצן
בלאָנדזשען נאָר אין מיינע פאַרלאַנגען.
לאַנגע יאָרן
האָב איך ליכט געצונדן
און געזוכט אויף אַלע שטעגן.
ביז יעדן נאַר,
מיט זייד און גאָלד באַצירט,
און נישט געפילט און נישט געדאַכט
אַז דאָס איז אויסגעבענקטע פראַכט.

# אַ ל י י ן

איז דען דאָ ווער
צו דיין טרויער
זאָל עפענען
אַ טרער?

ווען מען׳ס געדאַנקען
פון זיין הויך,
זאָל וואַכן מיט פייער
צו לעשן דיין רויך?

איז דאָ ווער ס׳זאָל באַשטראַלן
דיין שוידער מיט ליכט?
עס זאָל ווען מען דערציטערן
דיין בלוטיק געדיכט?

## אויפכאַפּן זיך אַמאָל

אויפכאַפּן זיך אַמאָל
און אַלע זאָגן אָמן צו דיין קול.
אַלע מזבחות שוין פאַרלאָשן
אומעטום אַ ליבע — לשון.

אַלע קינדער אָטעמען פריי,
די עקידות שוין פאַרביי.
כ'וועל גלייך מיט אַלע טרינקען שיין —
קען דאָס אַמאָל אמת זיין?

# א י י נ ז אַ ם

איינזאַם ווי שטענדיק און שטום.
און אַ קייט פון מדבריות אַרום.
די ווייטע נאָנטקייטן גרייטן אונז גרוילן.
די שרעק בעט די שטילקייט צו שווינען
וואָס האָט באַשאַפן די בלומען פון טרוים.
נישט צילן פון שנאָה די קוילן
זאָל בליען פון ליבע דער בוים.

# אין די פּאַלמען

אין די פּאַלמען אַלעיען,
פֿאַרשטעלן די פֿאַרבן
דעם שטנ׳ס געשרייען.
ווען דער באַגינען פֿאַראָזט
צאַרט די שרעקן־גריבער,
ווערט די שאָל פֿון שנאה
ווייכער, ליבער.
לויפֿט אַוועק דער פּיין
ווייט פֿון אונדזער זיין.
ווען ס׳וועט זיך דיר
פּלוצלונג פֿאַרוועלן
באַזוכן אין קעניגרייך פֿון באַפֿעלן,
אַראָפּגיין אין דעם טאָל,
ווי דו האָסט געטאָן אַמאָל.
מיט רחמים אים באַהילן
פֿון דיין באַרעמהערציקן ווילן.

## מיין אייזאַמע וואַנט

ווי אַזוי
האָבן זיך פּלוצלונג צומיגלט
די גין־גאָלדענע שטראַלן
מיט דער פּורפּור־פּראַכט,
שימערירנדיק אויף מיין
איינזאַמער וואַנט?

וועלכער מלאך
האָט צעבלאָזן דעם ווינט,
און אָנגעצונדן דעם צויבער־ניגון,
און מיט זיין פלאַם
מיין נשמה באַקאַנט?

גוט וואָס דער הימלישער וואַרעמער
גלעט פאַרוויגט נאָך מיין געדאַנק.
עס פלאַטערן נאָך די ווייסע פליגל
פון טרוים
און עס זינגט נאָך דער עכא
פון הייליקן קלאַנג.

## אין שטאָלץ פון גזר

צי ווייל דער פיין ט'געקושט דיין שטערן
וואַקסטו אויס אין ליכט פון וואָר?
ווייל ס'האָבן דיר געוואַשן טרערן
איז דיין הימל אַזוי קלאָר?

ווייל דאָס פייער ט'זיך צעפלאַקערט
אין דער נשמה שטאַרק און טיף,
ווייל דאָס בלוט דיין ערד צעאַקערט
קניט דאָס האַרץ צום שטראַל פון רוף?

פון גליל, אילת און עמק
ביזטו איינגעטונקט אין צער,
בליען ליליען אויף די שטיינער
און דו בליסט אין שטאָלץ פון גזר.

# ירושלים

דיין חן, דיין קראַפט, דיין צויבער
גיסט אן דאָס האַרץ מיט מוט.
דיין הימל רוישט מיט וווּנדער׳ס
וואָס שטראָמט און פאַרשכור׳ט דאָס בלוט.

דיינע שטיינער שעפטשען סודות
די ביינקשאַפט פון יאָרן, זי רעדט,
אויך שוואַרצע שאָטנס אין דיין קלאָרקייט
ביי דיר, געקרוינטע פון שטעט —

איך זע אין די בונטע קאָלירן
ווי עס פייערט די בשורה פון גליק,
כ׳וויל מיט שפּראַך פון תהלים באַצירן,
דיין הייליקן קומען צוריק.

## איך וויל אַזוי וויסן

איך וויל אַזוי וויסן
וואָס שעפּטשען צו אייך די מלאכים
ווען איר רוט אין אייער ווייסער
שטיינערנער וועלט?
האָבן זיי אייך דערציילט
ווי לאַנג וועט זיך נאָך ציען דער וועג
פון אַראָפּגעלאָזטע פּאָנען?
ווי לאַנג וועט די זון נישט זיין בכוח
פאַרברענען די שאַנד פון טייוולשער מאַכט?
און אפשר האָבן זיי אייך געבראַכט
היילונג
צו אייער טאָג וואָס איז נאַכט?
איך וויל אַזוי איר זאָלט וויסן
אַז אייערע גרויסע טעג
וואַנדערן אין אונדזערע קליינע נעכט
און אייער נישט זיין ווײנט
אין אַלע פריידן
און אייער פאַרגליווערט בלוט
האָט הייסע טריט
אין אונדזער בלוט

# צום אָנדענק פון אַ געפאַלענעם

צנחן משה

עס גיסט זיך נאָך דער דופט
פון דיינע זינגענדע טריט.
דיין בליאונג שיינט אויף די ווענט
און שוועבט אין לופט פון הויז
און שוועל
אים ווערסטו מער נישט איבערטרעטן.
דיין בלוט געצייכנט שטעגן
אויף דער ערד פון ירושלים.
איצט
אַלע פעלדער גרינען אן דיר.
אויף דיביימער שפילט די זון אן דיר —
דער שטורעם אויפן ים,
די ראַזקייט פון פרימאָרגן,
דער דופט פון די בלומען
אן דיר
נאָר דער צאַרטער בליק,
די ווייכקייט פון דיין שטים
הענגען
אין די ליידיקע טעג.

# איך בין מיט דיר מיין זון

איך בין מיט דיר מיין זון
אין ווייטן ערגעץ ווו
איך בין מיט דיר מיין זון
אין יעדן אָרט און וועג.
איך קני אין זומפּ מיט דיר
און קריך אין וויסטן מדבר
איך בין מיט דיר מיין זון
און לעב אין דיינע טעג.

איך בין מיט דיר מיין זון
אין טאָל אין באַרג און ים.
איך בין מיט דיר מיין זון
אין שטורעם און געוויטער,
איך גיי מיט דיר אין פעלד
אין בייטן, כוואַליעס זאַמד
היט איך דיינע טריט
מיט ליבע, שרעק און ציטער.

## אַ תפילה

מעק נישט אויס דאָס ליד
פון די בלומען אין טרוים.
לאָז נישט פאַרטונקלען
די פראַכט פון דיין רוים.
לעש נישט אויס די קלאָרקייט
פון מיין ליכט
אין דעם בענקענדן שטעג,
וואָס וועל איך טון אן איר
אין מיין עלנטן וועג?
פון וועלכן קוואַל וועל איך
שעפּן די ווּנדער־פאַרבן
צו באַצירן די פעלדער
זיי זאָלן נישט שטאַרבן?
צעטרעט נישט די בלעטער
פון כשוף און דיין כעס,
וואָס באַטויען מיין אָטעם,
ווען אַרום שרייט דער האַס.

# לאַנג

לאַנג באַוואַכט דיין אָטעם
האָט מיין טרער.
אָבער די נאַכט האַט אן רחמים
מיין תפלה באַרויבט.
פון דעם תהום וואָס האָט דיין
ליד פאַרשלונגען
גייען אויף פונקען פון דיין שטים,
דערציילן ליכט פון זומער,
איך וויל זיי באַהאַלטן
אויף אָרעמע טעג,
אָבער יהושע בן נון איז נישטאָ
צו פאַרהיטן דעם חסד
פון שיין,
אפילו אויף איין טאָג.

## אַ וויג ליד

אַזוי וועסטו שלאָפן
אין וויג פון זכרון.
אין מיין פאַרבאָרגענער וועלט,
אָפּגעשיילט פון פּאַרדרוס.
געלייטערט און קלאָר.
באַקרוינט מיט ליליען פון חלום.
אַרומגענומען מיט אומענדלעכער בענקשאַפט.
און טייער, אָ, ווי טייער
פאַרלאָשענער פייער.
באַצירט מיט דיאַמענטן פון פּיין.

## איך ווער נישט גערופן

איך ווער נישט גערופן פון קיינעם צום מנין,
און אמן מ׳בעט מיר נישט זאָגן.
דאָך לייג איך אַ ציגל צום שותפות פון בנין
אויף וויפיל מיין כוח קען טראָגן.

איך ווייס אַז מיין וואָרט איז באַהאַלטן אין עלנט
און קלינגט נישט ווי מ׳דאַוונט געמיינזאַם.
דאָך שיק איך צו דיר, צו די הויכן מיין תפלה
זי זאָל צו דיר גרייכן פון איינזאַם.

# אינהאַלט:



## מלחמה־לידער